



## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: **מ. ספעקטאר.**

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט: **ד"ר ה. ד. הורוויץ.**

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג" יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

**אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:**
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג" נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

**פרייז פיר מודעות (אנצייגען):**
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פפעניג.

**די אדרעסע פיר רוססלאנד:**
Издательство „ТУШІЯ"
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".

**Krakau, 3 September 1902.** **Nr. 10** **קראקוי, א' אלול, תרס"ב.**




## פרויען־עגאיזם.

עס זענען דא איינינע געלעהרנטע מענשען, וואס מיינען, אז גאר אין אנהויב פון דער מענשליכער געשיכטע, זענען די פרויען שטארק און פריי געוועזען און געהערשט אפילו אויף די מענער. צי איז דאס אמת, צי ניט, קען מען אויף געוויס ניט זאגען; דערפאר אבער ווייסען מיר געוויס, אז די אלטע „גאלדענע צייט" אין דער פרויען־געשיכטע איז באלד אריבער. די פרוי איז איין שקלאווען געווארען און האט פיעל דורות נאך־איינאנד געמוטשעט שווער ארבייטען פאר איהר מאן און הערשער. ביסלעך־ווייז אבער איז די שקלאווערייכמעט אומעטום פערשוואונדען פון דער וועלט, נאר די פרוי האט זיך עד היום נישט גאנץ בעפרייט פון איהר קנעכטשאפט און איז נאך אפילו צווישען די געבילדעטסטע פעלקער א האלבע שקלאווין געבליבען.

אט די „האלב־שקלאוועריי" מאכט די לאגע פון דער פרוי ביי היינטיגע צייטען אזוי שרעקליך, אזוי טרויעריג.

דאכט זיך, די פרויען זענען פרייע מענשען, גלייך, כלומר'שט, מיט אונז מענער; און דאך איז דער מעהרסטער טהייל פון די פרויען

איינגעשלאָסען אין די איינגע פיער ווענט פון דאס הויז, אין דעם איינגען קרייז פון דער פאמיליע. אלע וועגען צום לעבען, צו דער ארבייט אין דער געזעלשאפט זענען פאר זיי פערשטעלט, אלע טהירען צו בילדונג, צו פרייהייט, בלייבען פאר זיי פערשלאָסען און פערמאכט.

מיר, מענער, לאָזען די פרוי אין איהר טרויעריגער האלב־קנעכטשאפט און ווילען נאך כלומר'שט גלויבען, אז די פרויען זענען פרייער, גליקליכער פאר אונז. איז דאס נישט די גרעסטע פאלשקייט פון אונז?

און פאלש זענען אלע אונזערע פאָרדערונגען פון דער פרוי; אלע אונזערע טענות געגען איהר.

— „וואס זאל די פרוי טהון אין דער געזעלשאפט? — טענה'ן מיר, מענער: זי האט גענוג וואס צו טהון ביי זיך אין דער היים, אלס בעל־הבית'טע און מוטער, און דארף זיך לכתחילה נישט מישען אין אזוינע ענינים, וואס קערען זיך נישט אן מיט דער ווירטשאפט און קינדער־ערציהונג".

אבער די פיהרונג פון דער ווירטשאפט, די ערציעהונג פון קינדער פאָדערען היינטיגע צייטען גאנץ בעזונדערע קענטניסען, א גאנץ בעזונדערע בילדונג. מיר, מענער, האבען ווי מורא פאר אזא מין פרויען־בילדונג. מיר מאכען די פרוי פאר א דאנטיסטען, פאר איין דאקטארען פאר איין אקושערען, זינגערין, טענצערין, שפילערין — פאר אלץ, וואס איהר ווילט אין דער וועלט, נאר נישט פאר איין גוטע בעל־הבית'טע און מוטער. מיר געבען איהר אלערליי קענטעניס אין דער וועלט, נאר נישט דאס, וואס זי ברויך, בכדי צו פערשטעהען די ווירטשאפט און ריכטיג צו ערציעהען איהרע קינדער.

די פרוי בלייבט תמיד צו הויז, און פון איהר הויז אוים פיהרט זי א שטענדיגע מלחמה מיט איהר פיינדליכער געזעלשאפט; זי וויל נישט וויסען, וואס טהוט זיך ערגיץ־וואו ארום איהר הויז, זי וויל דער געזעלשאפט נישט העלפען, ווייל זי לעבט גאר צוליעב איהר הויז, צוליעב איהר פאמיליע.

און זי רייסט אפט מיט געוואלד אויך איהר מאן אב פון דער ארבייט פאר דער געזעלשאפט; און אויב דער מאן איז זיך יא עוסק אין קהל'שע זאכען, אין כלל־ענינים, אזוי זוכט איהם די פרוי צו שטערען אין זיין ארבייט און דערמאהנט איהם אלע ווייל, אז ער האט א פאמיליע און טאר נישט מקריב זיין איהרע אינטערעסען פאר ווילד־פרעמדע מענשען.

כלל־זאכען געהען קיין מאל נישט צו רוהיג און שטיל, זיי רופען תמיד ארוים מחלוקת און קריעג. אויף דער גרויסער וועלט הערט אויף איין ווייל נישט אויף דאס ראנגלען זיך צווישען פעלקער, נאציאנען, קלאסען און פארטייען. די פרוי האט פיינט די מחלוקת'ען, ציטערט פאר מלחמה און איהר גאנצער וואונש איז, אז דער מאן זאל בלייבען רוהיג ווי זי און זאל זיך אין גאר נישט מישען, וואס איז נישט שייך צו איהם און צו זיין פאמיליע.

און זאל זיך דער מאן יא אריינמישען אין די וויכטיגע קהל'שע ענינים, אין א געזעלשאפטליכע מחלוקת, אזוי ווערט די פרוי אונרוהיג און בייז און טענה'ט שטענדיג אין איין קול:

— צו וואס דארפסט דו זיך מישען נישט אין דיינע געשעפטען? צו וואס דארפסט דו זיך מאכען אומזיסטע שונאים? דו ביזט דאך איין אכזר און האסט קיין רחמנות נישט אויף דיין אייגענע ווייב און קינדער.

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

ראמאן אין צוויי טהייל

פון

שלום־עליכם

(פארטזעטצונג).

### VII.

### א גליק מיט שין אלפים.

איין מאל אין א שיינעם פריהמארגען האט — יהושע יענקעל צעלניקער אפגענומען א בריעף פון דער פאסט און האט איבערגעלייענט די דאזיגע ווערטער, וועלכע מיר געבען דא איבער פונקטליך איבערגעזעצט פון לשון הקודש אין אונזער ארעמע יודישע שפראך — אין זשארגאן:

„בעזרת השם יום... פרשה... שנת... לפ"ק, קעשעניוו.
„לכבוד ידידי היקר הנגיד המפורסם וכו' מוהר"ר יהושע יעקב נ"י.
„ערשטענס בין איך געקומען אייך צו לאזען וויסען, אז מיר
„זענען אלע א דאנקען גאט לעבעדיג און געזונד, געב גאט דאס נעמ־
„ליכע פון אייך צו הארכען מיטן גאנצען כלל יודען — אמן הלואי.
„און צווייטענס בין איך אנגעברייט אייך צו לאזען וויסען אז איך בין
„דער געוויסער לאנדשדכן וואס זיין נאמען לאזט זיך ברוך השם
„הערען פון איין עק וועלט ביזן אנדערען, דען איך בין נישט פון
„יענע שדכנים, שקרנים, כזבנים, וואס ס'איז נישט דא קיין אמת אין
„זייערע מיילער און נאר פאלשקייט איז אין זייערע הערצער; דאס
„וואס זיי האבען נישט געזעהען טהוען זיי רעדען און דאס וואס זיי
„האבען נישט געהערט טהוען זיי זאגען. ניין, נישט דאס איז מיין וועג.
„צווישען זיי — לאז נישט געדאכט ווערען מיין נאמען. נאר למאי זאל
„איך מעהרען מיט ווערטער? איך בין דאך נישט פון די דאזיגע
„וואס לויבען זיך אליין און באשיינען זיך חלילה מיט יענעמס אומ־
„כבוד, נייערט אזוי ווי מיין אויהער האט געהארכט, אז מעלתו האט
„א טאכטער א יפת־תואר און דערצו נאך א חכמה נפלאה און א
„געבילדעטע, הן אין אלערליי שפראכען און חשבונען, והן אין לשון
„הקודש, תנ"ך, דקדוק, גמרא און נאך און נאך, אלע אין
„איין מויל טהוען זי לויבען און עדות זאגען אז עס איז ניטא צו
„איהר קיין גלייכען אויף דער ערד, לכן בין איך אנגעברייט צו פאר־
„לייגען אייך א גליק וואס טרעפט זיך איין מאל אין טויזענד יאהר,
„היינו א פיינעם מענשען איין אלמן מיט סך־הכל צוויי קינדער שוין
„אויסגעגעבענע, א גביר איין אדיר פון אודאי שי"ן אלפים רו"כ אויב
„נישט מעהרער, און דערצו נאך פון העכסטען יחוס, פונ'ם שענסטען
„א דעל אין דער וועלט — הכלל פון דער זייט וואס געהער זיך אן
„מיט משפחה איז ניטא וואס צו רעדען, און מחמת ער איז נישט
„גאר קיין יונגער מאן (ער איז נאך נישט אלט קיין פופציגער) און
„גאט האט איהם געטאן בענשען מיט פיעל גוטס, לכן פערלאנגט ער
„נישט קיין געלד, נייערט ער זוכט דאס קרן אליין, דאס הייסט די
„בתולה זאל זיין א שיינע, וועט ער זי נעמען פאר א כלה ווי זי איז,
אהן א פרוטה נדן פון איהר צד, אדרבה ער וועט זיך נאך צעוואר־

און אויב דאס ווייב איז א שטילע און שווייגט, אזוי רעדט פאר איהר — איהר אומעטיגער בלאסער פנים, עס רעדען די אונרוהיגע בליקען פון איהרע אויגען — יעדע בעוועגונג, יעדע מינעלע בעט זיך רחמים ביי דעם מאן, ער זאל נישט פערגעסען זיין פאמיליע צו ליעב פרעמדע ענינים פון דער געזעלשאפט.

און דער מאן פערשטעהט זעהר גוט דעם שטום־לשון פון זיין פרוי, ער פיהלט איהרע יסורים, און זעהר אפט פערליערט ער סוף כל סוף זיין מוטה, זיין חשק צו כלל זאכען, זיין שטרעבונג פאר העכערע אידעאלען און באהאלט זיך פון אלעמען אין דעם פערשלא־סענעם און רוהיגען קרייז פון זיין פאמיליע.

האבען מיר דען, מענער, נישט רעכט, זיך צו בעקלאגען אויף אונזערע פרויען און צו זאגען, אז זיי זענען עגאיסטען, וואס לעבען נאר צו ליעב דער פאמיליע אליין?

האבען מיר דען, מענער, נישט רעכט, צו האלטען זיך העכער פאר די פרויען, ווייל מיר זענען פארט בכח חאטש א מאל צו פער־געסען אונזערע אייגענע אינטערעסען און צו ארבייטען פאר דעם כלל מענשען, פאר הויכע און גרויסע אידעאלען?

און דאך, אז מען קוקט זיך טיעפער איין אין דער עגאיזם פון דער פרוי, זעהט מען בפועל, אז דער פרויען־עגאיזם איז א סך איי־דעלער און בעסער פאר אונזער מענער־מאראל.

די פרוי ליעבט איהר פאמיליע, איהרע קינדער, איהר מאן, אבער ווי טיעף, ווי אמת, ווי ריין איז די דאזיגע ליעבע! ווער, אז נישט די פרוי, האט בכח צו מקריב זיין איהר גאנצע צייט, אלע איהרע כחות — דאס לעבען אפילו — צוליעב דעם מאן און די קינדער? ווער קען נאך אזוי רוהיג אריבערטראגען די גרעסערע יסורים, די גרעסטע צרות פאר די מענשען, וואס זענען איהר ליעב און טייער? און די זעלבע פרוי, וואס וויל נישט, אז איהר מאן זאל זיך עוסק זיין אין כלל־זאכען, טהיילט מיט איהם זיינע ליידען, זיין אומגליק, אויב איהם פאסירט שוין איין אומגליק אין זיין געזעלשאפטליכער ארבייט, און טויזענד מאל האט שוין געטראפען, אז די פרוי געהט מיט איהר מאן אין די שרעקליכסטע אסטראגען, פערלאזט מיט איהם דאס לאנד, בכדי צו שטארקען און אויפצומונטערען איהם ערגעץ־וואו אין דער פרעמד, ווייט־ווייט פון דער אייגענער מדינה.

אין דעם פרויען־עגאיזם ליעגט פיעל מעהר ליעבע, פיעל מעהר אמת און פיעל מעהר שענקייט ווי אין אונזער מענער־מאראל.

און אין דער גרויסער מענער־וועלט שפיעלט די מאראל, די גוטסקייט א סך א קלענערע ראלע ווי דאס געלד. דאס רוב מענער ארבייטען נאר צוליעב געלד, נאר אין דער קליינער פרויען־וועלט הערט אויף די ממשלה פון דעם געלד: די מענשען פון פאמיליע־קרייז, ארבייטען נישט איינער פאר דעם אנדערען צוליעב געלד, נאר אויס ריינער און אמת'ער ליעבע און אכטונג. דארט אין פאמיליען־קרייז הערשט די מוטערליכע ליעבע, און די הויזליכע פריינדשאפט.

און אט די ליבע הייסט ביי אונז, מענער, „פרויען־עגאיזם".

און דאס אליין איז נאך נישט גענוג.

מיר, מענער, צושטערען, צוטרעטען אונזער אייגען גליק דורך אונזער מלחמה; דורך אונזער שרעקליכער קאנקורענץ רויבען מיר איינער ביי דעם אנדערען אונזער קליינע פרנסה, אונזער שטיקעלע ברויט, און טהיילמאלס זענען מיר נישט אין שטאנד צו מפרנס זיין אונזערע אייגענע פרוי און קינדער.

און די פרוי מוז פערלאזען איהר שטילע רוהיגע הויז, זי מוז

---

„פען מיט מתנות א סך און מיט געבעכצען פון דער ברייטער האנד,
„ווי דער מנהג איז. און איהר מעגט מיר גלויבען באמונה שלי, אז
„אייער טאכטער זאל לעבען וועט טרעפען א גרויס גליק, ווארום ער
„איז א גביר עצום, וואס האט מויערען אייגענע וואס זענען געבויעט
„אויף בערג מיט רייטוועגענס און מיט פערד און מיט אלדעם גוטס,
„און איך בעט אייך זעהר אז תיכף ווי איהר וועט ערהאלטען מיין
„בריעף זאלט איהר מיר געבען תשובה און אריינשיקען מיר א רשימה
„מיט א כח הרשאה, און אויך דאס בילד פון אייער טאכטער זאל
„לעבען זאלט איהר מיר למעה"ש צו שיקען, און אויב ס'איז פון גאט
„ארויסגעגאנגען די דאזיגע זאך, זאל ער זאגען צום באהעפטונג, אז
„ס'איז גוט, און עס וועט אם ירצה השם זיין אין א גוטע שעה א
„מזלדיגע, ווי עס ווינשט אייך אייער אומבעקענטער בעסטער פריינד,
„יונה ב"ר אלקנה לאנדשדכן מק"ק קעשעניוו".

אז יהושע יענקעל האט איבערגעלייענט דאס דאזיגע בריוועל, איז ער געווען שטארק צעקאכט, ברוגז אויפן לאנד־שדכן רב יונה ב"ר אלקנה מק"ק קעשעניוו: „סטייטש! — האט ער זיך געטראכט — איין עזות פון א יודען, דו קענסט מיך נישט און ווייסט מיך נישט און רעדסט מיין טאכטער איין אלמן, א טאטען פון אויסגעגעבענע קינדער, וואס איז? באשר ער איז א גביר און פארלאנגט נישט קיין נדן? און וואס בין איך? איין ארעמער מקבל, וואס פארקויפט זיין קינד צוליעב געלד? פע, מע בעדארף איהם אנרייבען א מארדע אט דעם לאנד־שדכן רב יונה ב"ר אלקנה, אדער גאר נישט ענטפערען איהם; לאז ער דארט זיצען אוןווארטען אין קעשעניוו!" נאר אז ער האט דאס בריוועל איבערגעלייענט פאר זיין ווייב לאה, האט זי דאס ערשט איננאיינעם מיט איהם רעכט צעקייעט און אריינגעלייגט איהם אין מויל אריין.

— בהמה! — האט זי צו איהם געזאגט — וואס איז מיט דיר דער יחוס וואס דו בלאזט זיך ווי איין אינדיק? די שיינע שדוכים וואס מע האט אונז אנגעשלאגען ביז א העהר? צי די תרפ"ט אלפים וואס דו גיסט איהר נדן! א מענש איז שטארקער פון אייזען און שלאפער פון א פליג, וואס איך טראג איבער, אז שונאים באדען זיך אין מיין בלוט, איך וואלט שוין וועלען א שדוך טהון א מאל; בעסער, זאגט מען, א יונגע אלמנה — איידער איין אלטע מויד. נאר נעמען אזא קינד ווי אונזער דינה און פארקויפען זי פאר א שמעק טאבעקע — ניט דערהארען זאלען די שונאים! ווי זאגט מען אז עסען חזיר, לאז האטש רינען איבער דער בארד... פאלג מיך, יענקעל, פארבויג דעם גדלן אויף א זייט, און דעם שדכן זאלסט דו ענטפערען טאקי היינט און טאקי באלד; זאלסט איהם שרייבען דאס און דאס, אזוי און אזוי... און מכח דינה'ן זאלסט דו זיך גאר ניט זארגען — איך וועל שוין מיט איהר אליין איבערשמיעסען פון אלסדינג ווי עס געהער צו זיין.

יהושע יענקעל האט זי געפאלגט (א ווייב בעדארף מען פאל־גען) און האט דעם זעלבען טאג אוועקגעשריבען דעם לאנד־שדכן רב יונה ב"ר אלקנה קיין קעשעניוו א תשובה אויך אויף לשון קודש, נאר אזא תשובה ווי ער האט געוואלט גלייך ווי ער וואלט זיך מיט זיין טאכטער אנגערעדט. מיר געבען איבער דאס בריוועל אות באות:

„בעיה"ש יום... שנת... לפ"ק, מאזעפעווקע.

לכבוד ידידי היקר הרבני מוהר"ר ר' יונה ב"ר אלקנה נ"י.

„ערשטענס בין איך אייך געקומען לאזען וויסען, אז מיר

קומען אונז העלפען אין אונזערע געשעפטען, אין אונזער מלאכה, בכדי צו פלאגען זיך מיט אונז אין איינעם פאר דאס שטיקעלע ברויט.

מיר אליין, מענער, רייסען מיט געוואלד די פרוי פון הויז ארויס און שטויסען זי אין די גרויסע, הארטע, אונפריינדליכער מענער־וועלט, מיט איהר שרעקליכער מלחמה פאר'ן קיום, און פון דעסטוועגען רעדען מיר זיך איין, אז די פרוי איז באשאפען נאר פאר דאס הויז און זענען שטארק ברוגז, אז זי פערלאנגט גלייכע רעכט מיט אונז, מענער.

דאס הייסט ביי אונז־פרויען־עגאיזם...

נ. טשערניאק.

# די פרויען־וועלט.

## אלגעמיינע נייעס.

### די פרויען-בעוועגונג אין יאפאן.

אויף דעם קאנגרעס, צו וועלכען דער אמעריקאנער פרויען־פעראיין איז זיך אין וואשינגטאן צוזאמענגעקומען, האט די פרעזידענטען פארגעלייענט א בעריכט איבער די פרויען־לאגע אין יאפאן. פון דעם בעריכט זעהט מען, אז די פרויען־לאגע אין יאפאן איז בעסער ווי אין אלע אנדערע לענדער. דעם בעריכט האט פערפאסט א יאפאנערין, וועלכע האט אין אמעריקא געלערענט. מיר גיבען דא איבער איניגע אינטערעסאנטע ידיעות:

אין פערגלייך מיט די איבריגע לענדער אין מזרח, ווי: חינא, אינדיען, סיאם און קארעא, האט די יאפאנישע פרוי שוין מיט זעקס הונדערט יאהר צוריק געהאט פרייהייט, נישט נאר אלס פרוי און מוטער, נאר אפילו אלס געלעהרטע, אלס שריפטשטעלערין, און נאך מעהר, זי האט געהאט א דעה אפילו אין געשעפטליכע און פאליטישע ענינים. צווישען די ערשטע בעריהמטע יאפאנישע שריפטשטעלער סאי אין פראזע סאי אין פאעזיע געפינען זיך אויך נעמען פון פרויען. דער דאזיגער צושטאנד האט געהאלטען ביז צום דרייצעהנטען יאהרהונדערט.

פון דרייצעהנטען ביז צום זעכצעהנטען יאהר־הונדערט איז די פרויען־לאגע א סך ערגער געווארען, דער עיקר סבה פון דעם איז איבער די מלחמה וואס האט אין די דריי הונדערט יאהר געהערשט אין לאנד.

אויך האט א סך געווירקט צום שלעכטען די לעהרע פון קאנפוציוס (א חינעזישער געלעהרטער, וואס האט ארויסגעגעבען נייע געזעטצע און דינים), וואס איז אין יענער צייט אנגענומען געווארען ביי די העכערע קלאסען אין יאפאניען. די פרוי האט זיך נישט מעהר געקענט מישען אין פאליטישע ענינים, שפעטער האט זי פערלארען איהרע זעלבסטשטענדיגקייט אפילו אין הויז און אין ווירטשאפטליכען לעבען; די געזעטצע פון קאנפוציוס זאגען: „די פרוי מוז דעם מאן האלטען פאר איהר הערן, זי מוז פאר איהם מורא האבען ווי פאר גאט; זי מוז איהם דיענען מיט גרויס כונה און יראה; די פרוי איז מחויב ווי לאנג זי לעבט צו פאלגען אלץ וואס דער מאן הייסט".

אזוי האט די יאפאנישע פרוי געלעבט א משך פון דריי הונדערט יאהר, זי האט קיינמאל איבער זיך אליין קיין דעה נישט געהאט. פאר דער חתונה האט זי געמוזט פאלגען דעם פאטער און נאכדעם דעם מאן; איז זי געבליבען איין אלמנה האט זי געמוזט פאלגען דעם עלטסטען זוהן, הכלל אלץ פרעמדע האבען איבער איהר געהאט צו זאגען און צו שאפען. דער פאטער האט איהר געמעגט פערהאנדלען אדער חתונה מאכען מיט וועמען ער וויל; דער מאן האט איהר געמעגט פייניגען ווי פיעל ער וויל און קיינער האט זיך פאר איהר נישט

---

„זענען גאט צו דאנקען אין בעסטען געזונד, געב גאט דאס נעמליכע
„פון אייך צו הארכען נאר גוטס מיט בשורות טובות אויפ'ן כלל
„יודען אמן ואמן. און צווייטענס בין איך גרייט אייך צו לאזען וויסען
„אז דעם שדוך, וואס איהר האט מיר פארגעלייגט אין אייער ליבען
„בריעף פאר מיין טאכטער זאל לעבען איז אודאי זעהר א פיינער
„שדוך, נאר איין שטיקעל חסרון, וואס מיין טאכטער זאל לעבען איז
„שוין למזל א כלה, אי"ה אין גיכען בעדארף זיין די חתונה למזל
„טוב, על כן בעט איך אז מעלתו זאל שוין מעהר קיין בריוולייך
„ניט שרייבען, איין עבירה מארקעס. און מחמת איך האב קיין צייט
„ניט, מאך איך דאס בקיצור, ודי לחכימא ברמיזא (א קלוגער שטויסט
זיך אויפ'ן ווינק). פון מיר אייער בעסטער פריינד... יהושע יעקב..."

---

און לאה איז אוועקגעגאנגען אין קלייט אריין און מיט א זאק אין דער האנט האט זי זיך אוועקגעזעצט אויף א ביינקעל נעבען דינה'ן, ארויסגעכאפט א שפיזעל פון אונטערען אויהער און אנגעהויבען צו ציילען די אייגלעך גיך — גיך איינס נאך דאס אנדערע און טאקי אין איין וועגס האט זי פארבונדען מיט דער טאכטער אזא מין שמועס:

— גאט זאל ניט שטראפען פאר די רייד... דיין מומע פלעקיל מיין איך... אנקוקען קאן איך זי ניט פאר איהרע זיסע ריידעלעך... א פאלשע זאך, א וצדקתך... זי וועט דיר קיין מאל ניט זאגען גלייך, נאר מיט א שטאך, שטעכען זאל זי און ברעכען, זי באגעגענט מיך נעכטען דיין מומע פלעקיל: גוט מארגען. — גוט יאהר. עס קומט אונז, זאגט זי, מזל טוב. וואס עפיס פלוצים, זאג איך, מזל טוב? איין אקס האט זיך געקעלבט?... פייגה פעריל, זאגט זי, האט א שדוך געטאן מיט דער קלענערע טאכטער שוין, נאך ניט אלט, זאגט זי, קיין זיבעצעהן יאהר, האט זי שוין קיין צייט ניט, ציטערט מע זאל ניט אויסחאפען... א גליקליכער שדוך שמיסט מען, אפילו איין אלמן מיט פיער קינדער, נאר א גביר, זאגט מען א גרויסער... האט א אימעניע איין אייגענע... א פנים, זאגט זי, א שיין מיידעל איז טאקי פארט א האלבער נדן... חאטש איך זעה ניט ארויס, זאגט זי, איהר שיינקייט, דאס נעזעל וואלט איהר געמעגט זיין א ביסעל קירצער און וואלט זיך געמעגט, זאגט זי, א ביסעל ווינציגער דרעהען... פאראן, זאגט זי, ביי אונז אין מאזעפעווקע אפשר נאך א ביסעל שענערע פון איהר, נאר מיט ווינציגער מזל א פנים, ווארום אז מע זאל וועלין, זאגט זי, רעדען, קאן מען רעדען אויף פייגה־פערילס טעכטער א סך מעהר, ווי אויף אנדערע... זי מיינט, זאגט זי, אז מע האט שוין פארגעסען די מעשה מיט'ן כלזמרול, זי מיינט, זאגט זי, אז א כלזמר איז מעהר יחוס פון א פראוויזאר... פארשטעהסט דאך שוין טאכטער, אז איך האב דיין מומע פלעקיל אפגעשפילט פאר'ן פראוויזאר א פריהמארגען, אז זי וועט שוין פארזאגען קינדס קינדער!... נאר א קעגען וואס דערצעהל איך דאס דיר? איך דערצעהל דיר דאס גלאט אזוי, ווייל איך בין א מאמע. א מאמע, זאגט מען, איז א פאקרישקע, ווארום וואס א מאמע פיהלט קאנסט דו נישט וויסען... אז דו וועסט אם ירצה השם אליין זיין א מאמע וועסט דו פיהלען דעם טעם, וואס א מאמע פיהלט, בשעת מע רעדט אויף איהר קינד... חאטש ביי מיר האבען די אלע רעדענישען, וואס מע רעדט, אזא פנים ווי דער פאר א יאהריגער שניי. ווי זאגט מען: „לאזען זיי לאכען, איך

אנגענומען; דער איינער זוהן, וועלכען זי האט געבארען אונ ערצויגען, איז איבער איהר א האר געוועזען אונ זי האט איהם ווי א פראסטע שקלאפען אלץ געמוזט פאלגען. זי האט שוין נישט מעהר געהייסען די בעל הבית'טע פון הויז. לויט קאנפוציוס לעהרע איז די פרוי בעשאפען געווארען צו געבארען קינדער כדי צו פערמעהרען דעם צאהל פון די מענשען אונ דעריבער מוז מען א פרוי איין עקרה באלד גט'ען.

די לעצטע פונפציג יאהר אבער, האט יאפאן זיך גענומען צוקוקען צו די לענדער אין מערב-אייראפא אונ האט אנגעהויבען איינפיהרען ביי זיך אין לאנד די בילדונג אונ ציוויליזאציאן פון אייראפא; די רעגירונג האט זיך די ערשטע זאך גענומען איינצופיהרען איין אנדער סיסטעם אין דער ערציעהונג אונ האט צו ליעב דעם צוועק געשיקט איין ערך פון 50 יונגע מעדליך מיט גוטע פעהיגקייטען קיין אייראפא אונ אמעריקא זיך דארטען אויסצובילדען אלס לעהרערינען. היינט זענען אין יאפאן שוין דא 500 לעהרערען, וועלכע לערנען מיט מעהר ווי אמיליאן מיידלעך; עס זענען דא שולען פאר מסחר אונ מלאכה, שולען וואו מען לערנט מאטהעמאטיק אונ מעדעצין אונ יעדען יאהר געהן ארויס פון די שולען געבילדיטע פרויען אונ בעקומען די בעסטע שטעלען, יעדע אין איהר פאך. איינינע פרויען זענען בעריהמטע דאקטוירים געווארען.

די יאפאנישע פרויען בעשעפטיגען זיך אויך מיט ליטעראטור. א סך פרויען זענען רעדאקטארען אונ מיטארבייטער אין צייטונגען; אונ אנדערע האבען מיט זייערע ווערק אונ שרייבען זיך בעליעבט געמאכט ביי'ן גאנצען פאלק.

א סך צדקה חברות אין יאפאן האט מען נאר די פרויען צו פערדאנקען; אויך די קייזערען אונ די אריסטאקראטישע פרויען נעמען איין אנטהייל אין די צדקה חברות. בעזונדער פערדיענען דערמאנט צו ווערען דער ערציעהונגס-פעראיין אונ דער פעראיין פאר קראנקע אונ יתומים.

עס איז נאך אבער דא אסך פרויען אין לאנד, וועלכע שטעהען נאך עד היום אויף דער זעלבער מדרגה ווי זיי זענען אמאל געשטאנען, בפרט אין די קליינע שטעדטליך וואו די איינוואהנער זענען נאך ווייט פון בילדונג.

פ—נ.

---

# אנ'עבור-יאהר.

(ערצעהלונג)

פון ר. א. ברודס.

(ענדע).

V.

עליזאבעטא האט די גאנצע נאכט ניט געקאנט איין שלאפען.

"בין איך שוין ווירקליך אלט? זענען שוין אין אמת'ן מיינע יונגע יאהרען אוועק? אונ מיין הארץ הויבט שוין אן פרוירען? — ניין! טויזענד מאהל ניין!! איך הער נאך ווי מיין הארץ קלאפט, איך פיהל נאך לעבען, איך וויל האבען פערגעניגען. אלע חושים זאגען מיר אז איך בין נאך יונג. גדליה קען אפשר רעכט האבען אז ער האט געזאגט אז מיר ווייבער האבען עבור יאהרען, לאנגע יאהרען, — אבער נישט ווי ער ווי וויטצעלט זיך: דאס יאהר, יענץ יאהר, ניין! אלע פרויען יאהרען זענען עבור'ס, די פרוי ווערט טאקי ניט עלטער מיט א גאנצען יאהר נאך 360 טעג! די מענער לאזען זיך צעהלען איהרע יאהרען ווי זיי ווילען, אונזערע יאהרען זענען גאנץ אנדערע — אונ מיר בלייבען טאקי נאך יונג אין דער זעלביגער צייט ווען די מענער ווערען שוין אלט. לאזען די מענער לאכען, דער אמת איז פארט אזוי... דרייסיג, פינף-אונ-דרייסיג, פערציג... די רעכענונגען לאזען די מענער האלטען פאר זיך, — מיר פרויען לעבען אנדערש, פיהלען אנדערש, אונ האבען אויך אנדערע יאהרען אנדערע רעכענונגען..."

---

וועל מיר גוט מאכען"...

— וואס זשע דארפסט דו דאס מאמע, איבער רעדען?

— איך רעד דענן איבער? איך זאג דענן עפּיס? גלאט, מע רעדט, רעדט זיך; עס פארדריסט מיך, למאי זאל אזא וצדקתך ווי דיין מומע פלעקיל האלטען דיך אין מויל. ווי זאגט מען: "ארען ארט דאס מיך ניט, נאר עס בראט מיך אונ עס ברענט מיך"...

— אז עס ארט מיך נישט, מאמע, וואס זשע ארט דאס דיך?

— וואס דיך ארט נישט איז פון די קליינינקייטען! למאי עס ארט דיך ניט, וואס אלע מיידלעך האבען חתונה נאר דו אליין זיצט אונווארטסט אויף דיין באשערטען, טאמער וועט ער טרעפען צו דיר אין שטוב אריין?... וועסט מעגעןווארטען, טאכטער מיינע, ווי זאגט מען: "ווארט אויף פורים וועסט דו עסען א המן-טאש"... ווער שמועסט אז דו וועסט זיך פארלאזען אויף דיין טאטען, וועסט דו חלילה געווים מעגען זיצען אונ ויצען ביזן גרויען צאפּ, ווארום דער טאטע דיינער האט דאך תמיד צייט! וואס געהט איהם אן, איך בעט דיך, א ווייב, צי א קינד? ער זאל אבער נעמען א שטיינער אויפ'ן קאפּ: קינדער וואכסען אונטער, שדכנים שרייבען בריעף, מע שלאגט אפּ די טירען... אט שרייבט איינער עפּיס זעהר א גרויסער שדכן פון קעשעניוו, ליינט פיר א גליק, עפּיס זעהר א גרויסען גביר פון ש"ן אלפים, איין אלמן מיט קינדער צוויי.

— מיט צוויי קינדער?! — האט דינה אויסגעשריגען.

— וואס זשע האסט דו זיך אזוי איבערגעשראקען? קוק זי אן א ביסעל! וועסט אויף זיי חלילה נישט באדארפען הארעווען, נישט וואשען, נישט נייען, נישט ארבייטען: זיי זענען שוין אויסגעגעבענע.

— אויסגעגעבענע?! — האט דינה ווידער אויסגעשריגען.

— נאך גלייכער, נארילע, וועסט פארשפארען זיין פאר זיי א שטיפמאמע, חאטש אפילו אין דעם גראד, דארט וואו ס'איז פאראן מויערען איינענע ווי דער שדכן שרייבט, מיט פערד אונ מיט קארעטעס... וועסט אם ירצה השם אריינקומען א הין א פארטיגע גבירטע אויף אלעם גרייטען, ווי זאגט מען: "א רייכען טאטען איז גוט צו באגראבען". נאט ברוך הוא זאל נאר העלפען מע זאל זיך צענויפפאהרען אין גיכען אונ דו זאלסט איהם געפעלען... דער טאטע האט שוין אוועקגעשריבען א הין, איך האב איהם קוים איינגעבעטען ער זאל שרייבען א בריעף! ער האט דענן עפּיס אין זינען דער טאטע דיינער? איך האב איהם געהייסען ער זאל איהם שיקען דיין פאטרעט.

— מיין פארטרעט?!

— וואס דענן האסט דו געמיינט? דיין בריהשאפט באדארף ער האבען, צי אפשר צוליב דעם, וואס דו האסט א מומע פלעקיל?

לאה האט נאך לאנג גערעדט איבער דינה'ס קאפּ. אונ דינה? דינה האט געטאן דאס איינענע וואס דער פאטער — זי האט געשוויגען. לאה האט גערעכענט, אז דאס וואס די טאכטער שווייגט איז א סימן, אז זי איז שוין פארטיג מיט איהר ארום אונ ארום, אונ דאס וואס זי בייט זיך אין פנים, ווערד אלערליי פארבען, איז דערפאר, וואס זי איז א מיידעל; א מיידעל, אז מע רעדט מיט איהר פון א זעלכע זאכען, מוז דאך שעמען זיך. לאה איז דאך אליין אויך געווען א מאל א מיידעל!...

(פארטזעטצונג קומט).

עֶלִיזַאבֶּעטַא אִיז כִּמְעַט צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען מִיט אִיהרֶע לֶעטְצְטֶע גֶעדַאנְקֶען — הָאט זִיךְ אָבֶּער דֶערְמָאנְט וָואס אִיהר מַאן הָאט אִיהר גֶעזָאגְט מִכֹּחַ רָאזַא'ן.

„רָאזַא וֶועט חֲתוּנָה הָאבֶּען, אִיךְ וֶועל וֶוערֶען אַ מְחוּתֶּנֶ'סְטֶע, אַשְׁוִויגֶער... רָאזַא וֶועט צוּם יָאהר אַ קִינְד הָאבֶּען אוּנ אִיךְ וֶועל וֶוערֶען אַ בָּ א בֶּ ע"...

דִי דָאזִיגֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט אִיהר גָאר צוּבְּרָאכֶען. אִין אִיהרֶער פַאנְטַאזִי הָאט זִי זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, אַז דָאס גַאנְצֶע צִימֶער אִיז פוּל מִיט גֶעסְט, אַלֶע שְׁרַייֶען אִיהר אִין דִי אוֹיעֶרֶען אַרַיין: „מַזָל־טוֹב בָּאבֶּע!", מַזָל־טוֹב מִיטְ'ן עֶרְשְׁטֶען עֶנִיקֶעל!" אוּנ זִי קוּקְט זִיךְ אוּם: וָואס אִיז? בִּין אִיךְ שׁוֹין טַאקִי אַלְט, אַ בָּאבֶּע?... אוּנ דָא הֶערְט זִי הִינְטֶער אִיהר אֵיינֶעם זָאגֶען: „חָלֶעבֶּען, נָאךְ גָאר אַ יוּנְגֶע בָּאבֶּע, בֶּנֶאֱמָנוּת אַ שֵׁיינֶע בָּאבֶּע!" זִי הָאט אַ בִּיסֶעל הֲנָאָה,— אוּנ דָא קוּמְט גְדַלְיָה מִיט זַיין פוֹיעֶן וִויטְ'ן: „נוּ, וִוי שְׁטֶעהט עֶס מִיטְ'ן עִבּוּר־יָאהר?"— „אָ! מֶענֶער!" הָאט זִי אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ זִיךְ אִיבֶּערְגֶעקֶעהרְט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶען זַייט.

וִוי זִי אִיז נָאר אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיז גֶעוֶוען אִיהר עֶרְשְׁטֶער גַאנְג צוּם שְׁפִּיגֶעל.

— „שֶׁקֶר!" הָאט זִי אוֹיסְגֶערוּפֶען. „אִיהר זָאגְט אַלֶע לִיגֶענְט! — אִיךְ בִּין נָאךְ יוּנְג!"

אִיהר הַארְץ הָאט אִיהר אָבֶּער פְּלוּצְלִינְג אַקְלֶעם גֶעטְהוּן, אוּנ זִי הָאט בֶּעקוּמֶען גְרוֹיס חֵשֶׁק צוּ זֶעהֶען רָאזַא'ן אוּנ הָאט אִיהר טָאכְטֶער גֶערוּפֶען.

— קוּם אַהֶער, זִיטְ'ץ דָא נֶעבֶּען מִיר אַ בִּיסֶעל.

רָאזַא הָאט נִישְׁט פֶערְשְׁטַאנֶען, זִי הָאט שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעהֶערְט אַזוֹיגֶע גוּטֶע וֶוערְטֶער פוּן אִיהר מוּטֶער.

— אָט בַּאלְד וֶועסְטוּ חֲתוּנָה הָאבֶּען, הָאבֶּען קִינְדֶער...

— וָואס רֶעדְטְסְטוּ, מַאמַא?

— נִישְׁט! גֶעה דִיר צוּרִיק אִין דַיין צִימֶער...

אוּנ טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט עֶלִיזַאבֶּעטַא'ן אִין דִי אוֹיגֶען אַז רָאזַא אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען.

„אִיךְ זִינְדִיג גֶעגֶען מַיין קִינְד! — הָאט זִי גֶעטְרַאכְט בַּיי זִיךְ, — רָאזַא אִיז שׁוֹין אַזוֹי הוֹיךְ וִוי אִיךְ, אַשֵׁען מֵיידֶעל, אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין אִין אֱמֶתְ'ן צַייט, טְרַאכְטֶען וֶועגֶען אִיהר צוּקוּנְפְט..."

דֶעם גַאנְצֶען פַאר־מִיטָאג הָאט זִי נָאר גֶעקְלֶעהרְט וֶועגֶען דֶעם, צוּם מִיטָאג אִיז לַאזַאר גֶעקוּמֶען אַהֵיים מִיט אַ נַייעֶס.

— אַיין אִיבֶּערְרַאשׁוּנְג! — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ עֶלִיזַאבֶּעטַא'ן — אַ גַאסְט הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט אִין קַאנְטָאר, דֶער יוּנְגֶער דָאקְטָאר דָוִד זוּסְמַאן אִיז גֶעוֶוען בַּיי מִיר אוּנ פֶערְלַאנְגְט מִיר זָאלֶען אִיהם גֶעבֶּען אוּנְזֶער רָאזַא'ן.

— דַאוִויד... דֶער דָאקְטָאר...

— יָא, יָא! עֶר זָאגְט: עֶר לִיעבְּט זִי, זִי לִיעבְּט אִיהם אוֹיךְ, זֵיי בֵּיידֶע הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין עֶרְקְלֶעהרְט... עֶס אִיז אַ מַעֲשֶׂה פוּן יָאהרֶען... וָואס זָאגְסְט דוּ דֶערְצוּ?

— וָואס הָאסְט דוּ אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט?

— אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעזָאגְט, אִיךְ מוּז מִיט דִיר רֶעדֶען. עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז הַיינְט נָאךְ מִיטָאג וֶועט עֶר קוּמֶען אַהֶער דִיר פָארְצוּלֶעגֶען זַיין בֶּעגֶער...

— לָאז עֶר קוּמֶען, הָאט עֶלִיזַאבֶּעטַא מִיט אַ הַאלְבֶּען מוֹיל גֶעאַנְטְוָוארְטֶעט אוּנ זִיךְ זֶעהר פֶערְטִיפְט אִין גֶעדַאנְקֶען.

---

VI.

אַלְצְדִינְג אִיז כְּשׁוּרָה, דִי גַאנְצֶע זַאךְ אִיז שׁוֹין פֶערְטִיג, לַאזַאר אוּנ גְדַלְיָה הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אוֹיסְגֶעגְלַייכְט וֶועגֶען אַלֶע פְּרָטִים, אֲפִילוּ וֶועגֶען נַדַן אוֹיךְ, — אָבֶּער עֶלִיזַאבֶּעטַא זָאגְט: „וָואס אִיז פַאר הַיילֶענִישׁ? עֶס הָאט נָאךְ צַייט!..." זִי וֵויס גַאנְץ גוּט, אַז וִוי רָאזַא וֶוערְט אַ כַּלָה אִיז אוֹיס מִיט אִיהרֶע יוּנְגֶע יָאהרֶען, אוֹיס מִיט אִיהרֶע אוּנְטֶערְהַאלְטוּנְגֶען, אוֹיס מִיט אַלֶעם, — אוּנ דָאס הַארְץ דֶערְלָאזְט אִיהר נִיט שַׁארְף „יָא" צוּזָאגֶען.

— דָאס קִינְד אִיז נָאךְ יוּנְג — הָאט זִי דָוִדְ'ן גֶעזָאגְט, — דֶער שִׁידוּךְ גֶעפֶעלְט מִיר אוֹיךְ גַאנְץ גוּט, — נָאר אַבִּיסֶעל גֶעדוּלְד, לָאז עֶס דוֹיעֶרֶען נָאךְ אַ יָאהר צְוֵויי — דְרַיי... רָאזַא גֶעהֶערְט אַ מָאהל אַייךְ, מֶע וֶועט זִי בַּיי אַייךְ נִיט אוֹיסְחַאפֶּען, — וַוארְט נָאךְ אַבִּיסֶעל.

דָוִד הָאט נֶעבִּיךְ פַאר אִיהר זַיין גַאנְץ הַארְץ אוֹיס גֶעגָאסֶען, עֶר הָאט אִיהר דֶערְצֶעהלְט, וִוי שׁוֹין לַאנְג עֶר הָאט לִיעבּ אִיהר טָאכְטֶער, אָבֶּער זִי הָאט נָאר אֵיין טַעֲנָה:

— אַבִּיסֶעל וַוארְטֶען, גֶעדוּלְד הָאבֶּען!

עֶס אִיז אַוֶועק אַפָּאר וָואכֶען.

אִין אֵיינֶעם אָבֶּענְד הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעטְרָאפֶען עֶלִיזַאבֶּעטַא מִיט אֶסְתֶּרְ'ן.

— אָה! שׁוֹין אַ צַייט אַז אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָא נִיט גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶלִיזַאבֶּעטַא גֶעזָאגְט, זֶענְט אִיהר אַזוֹי שְׁטֶענְדִיג פַארְנוּמֶען?

— יָא, דִי וִוירְטְשַׁאפְט, דִי קִינְדֶער זָאלֶען לֶעבֶּען, אוּנ אַמָאהל אוֹיךְ דֶעם מַאנְ'ס גֶעשֶׁעפְטֶען, — דָאס הַאלְט אַ מֶענְשֶׁען אִין שְׁטוּב.

— אוּנ אִיךְ מֵיין, אַז מִיר פְרוֹיעֶן הָאבֶּען זִיךְ גָאר נִישְׁט צוּ מִישֶׁען אִין מַאנְ'ס גֶעשֶׁעפְט, מִיר פְרוֹיעֶן זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען מֶעהר צוּ לֶעבֶּען, צוּ פֶערְבְּרֶענְגֶען.

— דָאס קֶענֶען נָאר זָאגֶען דִי יוּנְגֶע מֵיידְלֶעךְ.

— אוּנ מִיר זֶענֶען דֶען שׁוֹין אַזוֹי אַלְט?

— אַלְט נִיט, אָבֶּער יוּנְג אוֹיךְ נִיט מֶעהר! דִי יוּנְגֶענְד עֶנְדִיגְט זִיךְ בַּיי אַ מֵיידֶעל מִיט דֶער חֲתוּנָה אוּנ בַּיי אַ וַוייבֶּעל בַּיים עֶרְשְׁטֶען קִינְד הָאבֶּען; דַאן מוּז זִי זַיין אַ פְרוֹי פַאר אִיהר מַאן אוּנ אַ מוּטֶער צוּ אִיהרֶע קִינְדֶער... אִיךְ מֵיין אַז דִי מוּטֶער אִיז נָאר בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אוּם דִי קִינְדֶער צוּ עֶרְצִיהֶען, אוּנ בַּאלְד וִוי אַ פְרוֹי וֶוערְט אַ מוּטֶער אִיז אַנְ'עֶק צוּ אִיהרֶע אוּנְטֶערְהַאלְטוּנְג, צוּ אִיהרֶע פֶערְגֶענִיגֶען, אוּנ פוּן דֶעם טָאג אָן גֶעהֶערְט זִי נִיט מֶעהר דֶער וֶועלְט, — זִי גֶעהֶערְט אִיהרֶע קִינְדֶער.

— אַייעֶר בְּלִיק אוֹיף דֶעם לֶעבֶּען אִיז וִוי פוּן אַ מוּסָר־סֵפֶר אָדֶער פוּן אַ בַּעַל־דַרְשָׁ'עֶר...

— אוּנ דִי מוּסָר־סְפָרִים אוּנ דִי בַּעַל־דַרְשָׁ'עֶר הָאבֶּען אָבֶּער אִין דֶער זַאךְ רֶעכְט.

* * *

דֶער דָאזִיגֶער קְלֵיינֶער שְׁמוּעֶס הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דָאס, וָואס גְדַלְיָה הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען; דִי וֶוערְטֶער זֶענֶען טַאקִי אַרַיין עֶלִיזַאבֶּעטַא'ן נִישְׁט

נאר אין נאז, נאר טאקי אין הארצען, זי האט זיך די זאך איבערלעגט,— און האט זיי פאר ריכטיג געפונען.

און שפעטער מיט עטליכע טעג אז מען האט געמאכט "תנאים" און ראזא מיט דוד'ן זענען חתן-כלה געווארען, האט עליזאבעטא איהר מחותן גדליה שטילערהייט אזאג געטהון:

— היינט איז אנ'עק פון מיינע עבור-יאהרען, און א סוף פון מיינע יונגע יאהרען...

## יודישע פרויען.

### דאנא חנה גראציה מענדעזיה.

(פארטזעטצונג).

חנה איז געווען איין אמת'ע פרומע יודינע און איהר איז שווער געווען תמיד זיך צו פערשטעלען. בעת די אינקוויזיציאן איז געגרינדעט געווארען אין פארטוגאל אין קלימענטיעס צייטען, האט זיך חנה מישב געווען אז פאר איהר איז פיעל גלייכער ארויסצופאהרען פון איהר לאנד, ווארום אויב ניט, איז זי אין סכנות מיט איהר גאנצעס פערמעגען און לעבען. ארויספאהרענדיג פון פארטוגאל, האט חנה מענדעזיא גענומען מיט זיך איהר יונגערע שוועסטער — ריינה, און נאך קרובים, איהרע שוועסטערס און ברודערס קינדער, און זענען אלע צוזאמען געפאהרען נאך אנטווערפען, וואו איהר מאנס ברודער, דיאגא מענדעז, האט געוואהנט, און דארטען האט ריינה, חנה'ס שוועסטער, חתונה געהאט מיט דיאגא מענדעז. וואהנענדיג אין אנטווערפען, האט חנה מיט איהר שוואגער געשאטען מיט געלד, טהיילס בכדי משחד זיין דעם פאבסט, אז ער זאל רחמנות האבען אויף די פארטוגעזער אנוסים און טהיילס אויף אנדערע צדקות, פאר די דארטיגע ארמע יודען. חאטש אין אנטווערפען איז קיין אינקוויזיציאן ניט געווען דאך האבען דארט די אנוסים אויך ניט געטארט האלטען אפען דעם יודישען גלויבען, און האבען געמוזט פארשטעלען זיך פאר פרומע קריסטען. פערשטעהט זיך, אז חנה האט געמוזט ווייטער לעבען א פאלשען לעבען, און חאטש זי און איהרע קינדער האבען געהאט גרויס כבוד ביי דעם קריסטליכען אדעל, און איהר מאנס ברודערס א זוהן, דאן יאהאן מיקוויס, איז געווען שטארק חשוב ביי דער קעניגען מאריע, דעם קייזער קארלוס א שוועסטער, דאך איז חנה'ן ניט ליעב געווען דאס לעבען און זי האט אלץ געזוכט מיטלען, ווי אזוי בעפרייט צו ווערען פון דעם גלות, און קענען פריי האלטען דעם יודישען גלויבען. זי האט אנגעהויבען איינרעדען איהר שוואגער, דאן דיאגא, אז זיי זאלען ארויספאהרען פון פלאנדריען און רייזען קיין גערמאניען, אדער איין אנדער לאנד, וואו זיי וועלען קענען לעבען אין זייער יודישע אמונה, און אויב ער וויל ניט מסכים זיין צו איהר עצה, האט זי געפאדערט פון איהם, אז ער זאל איהר אויסצאהלען איהר חלק ירושה, וואס איהר איז געבליבען פון איהר מאן.

דיאגא מענדעז, וואס איז אויך געווען א פרומער יוד אין הארצען, האט באלד דערצו מסכים געווען, און האט אנגעהויבען מאכען די נייטיגע הכנות צום אברייזען. נאר צום אונגליק איז חנה'ס שוואגער געשטארבען איידער זיי האבען צייט געהאט ארויספאהרען פון אנטווערפען. און ריינה, חנה'ס יונגערע שוועסטער, איז געבליבען איין אלמנה, און איהר קליינע טאכטער—גראציה די יונגערע א יתומה.

אין דער צוואה האט דיאגא געמאכט חנה'ן פאר איין אפוטרופוס אויף זיין פערמעגען, וואס ער האט איבערגעלאזט זיין אלמנה מיט זיין טאכטער, דען ער האט געוואוסט, וואס פאר א קלוגע און פראקטישע פרוי זי איז.

חנה מענדעזיא האט נישט מעהר געקענט האפען צו לעבען א פריי לעבען, ווייל זי האט געמוזט בלייבען אין אנטווערפען און בריינגען אין ארדנונג איהר שוואגערס געשעפטען.

אז דער קייזער קארל דער פינפטער האט זיך דערוואוסט, אז דיאגא מענדעז איז געשטארבען, האט ער בעקומען א גרויס חשק צו ווערען דער איינציגער יורש פון דעם גרויסען קאפיטאל, וואס האט געהערט דער רייכער משפחה מענדעז. איינער פון די שרי המלוכה האט אויסגעטראכט א בלבול, אז דער פערשטארבענער מענדעז האט בסוד מקיים געווען אלע יודישע דינים און מנהגים, און בכן, בעדארף דאס גאנצע פערמעגען, וואס איז געבליבען נאך איהם, איבערגעגעבען ווערען אין אוצר המלוכה.

באלד נאך דעם איז געקומען א בעפעהל, אז מען זאל לעגען איין ארעסט אויף אלע געשעפטס ביכער און דאס גאנצע פערמעגען פון דיאגא מענדעז, און אויסער דעם, זאל מען נאכשפירען נאך יעדען אנוס, וואס וואהנט אין אנטווערפען, בכדי צו וויסען אויב ער איז א פרומער קריסט. פערשטעהט זיך, אז דאס אלעס איז נאר געטהון געווארען מיט דער איינציגער כונה, געפינען א רעכטע סבה צו בעשולדיגען די משפחה מענדעז, אז זי איז ניט פרום, בכדי צו קענען זי בעראבעווען.

חנה מענדעזיא האט אבער געפונען איין עצה ווי אזוי מציל צו זיין איהר פערמעגען. קודם כל האט זי פערליהען א גרויסע סומע געלד דער מלוכה, און דערצו האט זי פשוט אונטערגעקויפט די שרי המלוכה, און מען האט איהר מעהר נישט נאכגעשפירט. עס איז לייכט צו פערשטעהן, אז אין אזא לאגע האט חנה ניט געקאנט אברייזען פון אנטווערפען, בכדי מען זאל איהר ניט חושד זיין, אז זי וויל אנטלויפען, און זי האט דעריבער געמוזט וואהנען נאך צוויי יאהר אין אנטווערפען, ביז דער קייזער קארל האט איהר אויסגעצאהלט דעם גאנצען חוב.

דערווייל טרעפט זיך אזא מעשה: דאן יאהאן מיקוויס, איהר מאנס ברודערס א זוהן, האט זיך שטארק פערליעבט אין חנה'ס איינציגע טאכטער, אין דער שענע ריינה, און איז מיט איהר אנטלאפען נאך וועניציא (ווענעדיג). אז חנה איז געוואהר געווארען פון דעם, איז זי כלומר'שט שטארק אין כעס געווארען אויף איהר יונגען קרוב, און האט זיך בעשלאסען וואס צום גיכסטען אויך פאהרען נאך וועניציא, בכדי ניט דערלאזען דאס פאריל, חתונה האבען געגען איהר רצון.

(פארטזעטצונג קומט).

שלמה בערמאן.

## פראקטישע ידיעות.

### די שעדליכקייט פון וואואל.

פיעל פרויען טראגען א וואואל, בכדי צו שיטצען דאס געזיכט פון די זונ-שטראהלען אין די הייסע זומער טעג און פון קאלטע לופט

אין ווינטער צייט. דער וואוּאַל איז דערום איין גוטער און נייטהיגער פריינד פון די פרויען, ווי די האַנדשוהע און זונען־שירעמס. די מאָדע שאַפט אָבער אָפט אַזעלכע וואוּאַלען, וועלכע מיט זייער בעפּוטצונג און געדיכטע וועבונג אָדער מיט דעם אופן, ווי מען טראָגט זיי, זענען זיי שעדליך צום געזונד און צו די שענקייט פון געזיכט. עס איז אויך קיין פאַל ניט ערלויבט צו טראָגען וואוּאַלען פון דונקעל־בלויע קאָלאָרען, ווארום דער דונקעל־בלויער קאָלאָר האָט, לויט דער מיינונג פון פיעלע דאָקטוירים, א שלעכטע ווירקונג אויף דאס געזיכט. פיעל דאָקטוירים מיינען אויך, דאס דער וואוּאַל איז זעהר שעדליך צו די אויגען. דער דאָקטאָר וואוד האט געפּרובירט די זעה־קראַפט פון די אויגען ארומבינדענדיג זיי מיט פערשידענע אָפט געטראַגענע וואוּאַלען, און האט געפונען, דאס אַלע וואוּאַלען זענען שעדליך צו די אויגען. ווענינער שעדליך זענען איינפאַכע וואוּאַלען פון איינפאַכע פּאָדעם מיט גרויסע שלייפען (לעכליך), די וואוּאַלען אָבער מיט שמאָלע, ענגע צווישענדיגע שלייפען און געפּונקטעלטע, זענען זעהר געפעהרליך צו די אויגען און מאַכען די ראיה זעהר שוואַך. מען מוז זעהר פאָרזיכטיג זיין, בעת מען קלייבט זיך אַ וואוּאַל. די פרויען, וועלכע האָבען שוואַכע אויגען, ברויכען ניט צו לעזען דורך די וואוּאַלען.

ווינטער צייט קען מען אָפט זעהען עפּיס אַ מאָדנע רויטקייט אויף'ן נאָז און אויף די באַקען ביי די פרויען וואס טראָגען וואוּאַלען. די וואַרעמע לופט, וועלכע ווערט אויסגעאָטהעמט מיט'ן נאָז אָדער מיט'ן מויל האַלט זיך אָפט אויף אויפ'ן וואוּאַל און ווערט פערפרוירען פון פראָסט. די אויסגעאָטהעמטע פאַרע זעטיגט געשווינד אָן די וועבונג פון וואוּאַל, די פייכטקייט קען זיך ניט אויסשווייצען און אונטער דעם וואוּאַל געפינט זיך שטענדיג א קאַלטע אַטמאָספעראַ, וועלכע נעהמט צו פיעל וואַרעמקייט פון דער הויט.

ביי די יענגע פרויען, וואָס האָבען איין אַדעלען געזיכטס קאָלער, ווייזט זיך שנעל צוליעב דעם, אַ געוויסע רויטקייט און אָבגעפרוירענע ליפּען מיט באַקען. דיעזע רויטקייט ווערט נאָך שטאַרקער מחמת די געדיכטע וועבונג פון וואוּאַל, וועלכע דריקט אויף די הויט פון געזיכט. ווי ווייך דער וואוּאַל זאָל נישט זיין, אָבער די פאָדים, וועלכע פאָר־מירען דעם פאַסאָן פון וואוּאַל, ווערען בשעת מען טראָגט דעם וואוּאַל האַרט, דיק און געדיכט; די געדיכטע וועבונג דריקט אין פערלויף פון עטליכע שטונדען די הויט, וועלכע איז פייכט און פול מיט בלוט, און דעריבער בעמערקט מען די רויטקייט דאָרט, וואו דער וואוּאַל איז מעהר איינגעדריקט אויפ'ן געזיכט, דאס הייסט אויפ'ן שפּיטץ נאָז און אויף די ביידע זייטען באַקען נעבען נאָז.

כּדי צו בעפרייט ווערען פון די רויטקייט, ברויכט מען טראָגען אַ וואוּאַל וואס איז געמאַכט פון ברייטע שלייפען (לעכליך) און וועלכער איז לייכט צוגעבונדען. אויב אַ פרוי ליידעט זעהר פיעל פון דער דאָ־זיגע רויטקייט, ברויכט זי פריהער פון אַלעם זיך אין גאַנצען אָבזאָגען פון אַ וואוּאַל, און אין אַ משך פון אַ בעשטימטע צייט נאָר ניט געהען אויף קעלט, און בשעת שטאַרקע ווינטען. אויך ברויכט זי ניט באַלד נאָכדעם אַז זי קומט שוין פון גאַס אַריין צו קומען אין אַ וואַרעם צימער, ווייל די מוסקעלן פון דער הויט בריטען זיך אויס אין וואַרעמקייט און געהען זיך צונויף נישט גלייך און נישט גאַנץ ווי פריהער. איידער די פרויען וואס טראָגען וואוּאַלען געהען אַרויס פון הויז זאָלען זיי בעשמירען דעם נאָז און די באַקען מיט וואַזעלין, און פון אויבען אַביסעל בעפּודערען דאס געזיכט מיט פּודער. די זאָלען ניט וואַשען דאס געזיכט מיט וואַרעמע וואַסער נאָר מיט קאַלטע, וועלכע שטאַרקט די הויט.

יוסף גרינבלאַט.

## אַלערלײ.

(אַ נֶדר נִישט צו פְלוידֶערֶען). אִין אַמֶערִיקאַ הָאבֶּען 300 פְרויעֶן זִיך אַ נֶדר גֶעטְהוּן, נִישט צו רֶעדֶען דְרַיי מֶעת־לֶעת כְּסֶדר נִישט אַיין אֵיינְצִיגֶען וָוארְט; זַיי הָאבֶּען זִיך בֶּעשְׁלָאסֶען אויסְצוּהֶיילֶען פוּן פְלוידֶערֶען. מֶען הָאט אויך אויסְגֶעזוּכְט אַיין אָרְט וואוּ זִיך צוּ הֶיילֶען פוּן דֶער קְרַאנְקְהֶייט אִין אַ מָאנַאסְטִיר אִין נוּי־יָארְק. דְרַיי הוּנְדֶערְט וַוייבֶּער וֶועלֶען וואהְנֶען אוּנְטֶער אַיין דַאך אוּן וֶועלֶען נִישְט רֶעדֶען קֵיין וָוארְט! דָאס וֶועט זַיין אֵיינֶער פוּן דִי גְרֶעסְטֶע נִסִים אִין דֶער וֶועלְט. אַ נֵס אֵיינֶער פוּן דִי עֲשָׂרָה נִסִים.

(דִי צָאהל פוּן דִי אַרוּיסְגֶעטְרִיבֶּענֶע שִׁילֶערִינֶען). לוּיט אַ נַייֶעם גֶעזֶעטְץ אִין פְרַאנְקְרַייך, הָאט מֶען פֶערְמַאכְט אַ סַך שׁוּלֶען פַאר מֵיידְלֶעך, אִין וֶועלְכֶע דִי לֶעהְרֶערִינֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מָאנַאשְׁקֶעס. דִי צָאהל פוּן דִי שִׁילֶערִינֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִישְט וואוּ צוּ לֶערְנֶען אִיז 7 טוֹיזֶענְד. זַיי וֶועלֶען אָבֶּער נִישְט בְּלַייבֶּען אוּמְגֶעלֶערְנְט, אִין דִי אַנְדֶערֶע שׁוּלֶען פַאר מֵיידְלֶעך אִיז דָא אָרְט אוֹיפְצוּנֶעהְמֶען 7574 שִׁילֶערִינֶען.











Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau